



אבאנאמענטס־פרייז פיר רוססלאנד:
יעהרליך 3 רובל, האלב־יעהרליך 1.50 רובל
פירטעל־יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג"
נור 5 רובל יעהרליך, האלב־יעהרליך 2.50
רובל, פירטעל־יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ.
40 העללער.

פרייז פיר מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ.
40 העללער, 50 פפעניג.

די אדרעסע פיר רוססלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“.
מינדליך נאוואליפקי 7.

## א צייטונג פיר יודישע פרויען און פאמיליע.

ערשיינט יעדע וואך

רעדאקטארען:

פיר בעלעטריסטיק און פראווינץ־אבטהיילונג: מ. ספעקטאר.

פיר פובליציסטיק און וויסענשאפט. ד"ר ה. ד. הורוויץ.

פערלאג „פאלקס־בילדונג".

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 7.50 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 3.75 „
פירטעל־יעהרליך . . . . 1.90 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 6 שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג"
יעהרליך 12.50 קראנען; 11.20 מארק;
11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך
און פירטעליעהרליך לויט דיעזע רעכנונג.

די אדרעסע פיר עסטרייך־אונגארן
און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Frauenwelt“
Krakau, Sebastyangasse 32.

Krakau, 26 November 1902. | Nr. 22 | קראקוי, כ"ו מרחשון תרס"ג.




## די פאמיליע

### פון פארצייטען ביז היינט.

ב.

דער געדאנק, אז די ערשטע חברה האט זיך גענומען פון דער פאמיליע, איז אבער נישט קיין ריכטיגער און די נייעסטע געלערנטע זענען כמעט אלע נוטה צו דער מיינונג, אז דער יסוד פון דער פאר־היסטארישער חברה איז נישט געווען די פאמיליע מיט איהר קרובה־שאפט, נאר די פעראייניגונג פון מענשען צו ליעב דער מלחמה פאר

דאס לעבען. דער ערשטער קבוץ האט געמענט בעשטעהן פון ווילד פרעמדע מענשען, זיי האט נישט פעראייניגט די קרובה־שאפט, נאר דער קאמפף פאר דעם לעבען. אין דער פארהיסטארישע גרופע איז די פאמיליע גאר ניט געווען קענטיג, דער פערבונד פון דער גאנצער גרופע איז געשטאנען אסך העכער ווי די קרובה'שאפט, אלע מענשען האבען צוזאמען געשטעלט אגעזעלשאפטליכען קערפער און יעדער מענש אדער אפילו א גאנצע פאמיליע איז נאר געווען איין איינציג גליד, וועלכעס האט אונמעגליך געקענט האבען א קיום אהן די איבריגע גלידער פון דער געזעלשאפט און דעריבער האט זיך

ניט דער איינציגער מענש, ניט די גאנצע פאמיליעס געקענט אויס־צייכנען אין דער גרופע.

די ריכטיגקייט פון דיעזער מיינונג ווערד בעוויזען דורך א סך פאקטען. ביי די גרעסערע אבאריגענעס, וועלכע לעבען אין כמה פרטים אזוי ווי עס האבען געלעבט אונזערע פארצייטיגע מענשען. שטעהט די פערייניגונג פון דער סטאדע העכער פון אלעס. די קינדער זענען מיט דער מוטער צוזאמען כל זמן זיי דארפען האבען די מוטערס הילף, ווען זיי וואכסען אונטער געהערען זיי דער גאנצער סטאדע, אבער ניט דער פאמיליע. די סטאדע בעשטעהט פון פערשידענע יחידים, וועלכע זענען אלע גלייך מיט איינאנדער פערבונדען אהן א שום שייכות צו זייער קרובה'שאפט. אזא מין לעבען געפינען מיר אויך ביי פיעל ווילדע פעלקער פון היינטיגער צייט. דער פערבונד פון דער פאמיליע איז ביי די דאזיגע ווילדע א סך שוואכער, ווי דער פערבונד פון דער גאנצער גרופע. אפילו ביי די געבילדעטע גרעקען זעהען מיר אויך, אז די קינדער האבען ניט געהערט דער פאמיליע, נאר דעם פאטער־לאנד.

אלע אזיאטישע פעלקער גלויבען, אז ווען איינער פון דער גע־זעלשאפט בעגעהט א פערברעכען, איז די גאנצע געזעלשאפט שולדיג. אזוינע חוקים געפינען מיר אויך אין אונזער רעליגיע: איין עגלה ערופה מוז ברענגען די גאנצע שטאדט, און דער כלל אז כל ישראל ערבים זה בזה ווייזט אויך דייטליך, אז די געזעלשאפטליכ־קייט איז געשטאנען העכער פון דעם יחיד מיט זיין פאמיליען־לעבען.

„דער קערן, דער יסוד פון האוואיער סיסטעם — זאגט קא־אוטסקי — איז ניט קרובה'שאפט, נאר די צוטיילונג פון דער חברה אויף דורות־קלאסען. אלע מענשען פון דעם עלטעסטען דור רופען זיך זיידעס, באבעס; פון מיטעלען דור — טאטעס, מאמעס און פון יונגסטען דור — קינדער.

די מענשען פון יעדען דור צווישען זיך רופען זיך שוועסטער און ברידער, ניט קוקענדיג אויף דעם, צו זענען זיי טאקי אין אמת'ן אזוינע נאהענטע קרובים אדער ניט, ווייל פון דער אמת'ר קרובה'שאפט איז גאר אפילו קיין זכר ניט געווען אין יענער צייט. דער פאקט, וואס דער האוואיער רופט טאטע אפילו זיין פאטערס און מוטערס ברידער, איז ניט דעריבער. ווייל ער האט ניט געוואוסט, ווער זיין אמת'ר טאטע איז, נאר מעהר נישט דערפאר, ווייל ער האט אפילו זיין אמת'ן טאטען ניט ארויס גענומען פון גאנצען כלל.

א זכר פון דעם סיסטעם איז נאך אויך יעצט דא אין דער דייטשער און יודישער שפראך. פאטער און מוטער רופען זיך ניט ביי זיי געבעהרער, ערציהער, אזוי ווי עס איז די ריכטיגע איבערזעצונג פון לשון קודש'דיגען ווארט „הורים" און פון רוסישען ווארט родителеи נאר עלטערן פון דעם שרש „אלטער". דערפון זעהט מען, אז די שייכות פון פאטער און מוטער צו די קינדער איז געווען אמאל נישט קרובה'שאפט, נאר דער עלטער — ד"ה דער דור, אין וועלכען זיי זענען געבוירען געווארען.

דאס ווארט „קינד", וואס קומט ארויס פון שרש „קליין", גע־ברויכט מען שטענדיג ביי אונז ניט דווקא צו איין אייגענעם זוהן אדער טאכטער, נאר בכלל צו איונגען מענשען. דאס גלייכען רופען מיר שטענדיג אלטע מענשען: זיידע באבע, הגם זיי זענען גאר ניט קרובים מיט אונז.

לויט דער הנחה מוזען מיר בעהויפטען, אז עס איז געווען א צייט, ווען די מענשהייט האט נישט געוואוסט פון קיין שום קרובה'־שאפט און ממילא פון קיין שום פאמיליען־בונדען.

יעצט איז א פראגע: ווי איז געווען די פארם פון פאמיליען־לעבען אין די פארהיסטארישע צייטען?

פיעל געלעהרטע בעהויפטען אזוי ווי מארגאן, אז אין ערש־טען צושטאנד זענען צווישען מין זכר און נקבה קיין שום אבמאכען ניט געווען, דאס לעבען איז געווען אין גאנצען פריי, אונבעגרענעצט,

# פעליעטאן.

## איבער ביכעל־לשון.

(פריי בעארבייטעט נאך דעם פוילישען)

שוין ניט דאס ערשטע מאל אז איך זעה זיי ביי זיך, אט די משרתים, אט די דיענסטען פונ'ם אינטערשטען עטאזש, יעדעס מאל קומען זיי מיט אנדערע טענות:

— דער העער און די מאדאם בעטען אייך און אייער מאדאם איהר זאלט זיין אזוי גוט און ניט ווארפען די ביינקלעך מיט די קאמ־פען אין דער ערד, מחמת ס'איז אונמעגליך צו שלאפען.

— מיין מאדאם האט אייך געלאזט בעטען איהר זאלט ניט אזוי שטארק הויך זידלען אייער מאדאם! מחמת זיי ליידען קאפ־שמערצען.

אדער:

— מיין העער בעט אייך איהר זאלט זיך ניט קריגען מיט איהר מאדאם אויפ'ן קארידאר און ניט אנמאכען קיין רעש. זיי זאגען אז אייער קאנט דאס נעמליכע אויספיהרען אינוויניג ביי זיך אין שטוב.

פון די מינים בקשות קאנט איהר זיך שוין לייכט פארשטעלען דעם ארט לעבען צווישען מיר מיט מיין פרוי, און דאס שייכות צווי־שען אונז ביידע.

שולדיג אין דעם אלעם איז זי, טאקי נאר זי; אפילו זעהר א פיינע, מע קאן זאגען — א בכבוד'יגע פרוי, נאר זעהר א פראסטליכע, זי האט מיידעל־ווייז קיין בלעטיל שמות ניט אנגעקוקט, און ווייסט ניט מה דקאמרי רבצין אין א ראמאן־ביכעל. קיין געקינצעלטע פערשטעלטע דיבורים פערשטעהט זי ניט, און וואס מע זאל איהר ניט זאגען נעהמט זי אן פאר איין אמת. זי זאל פערשטעהן דעם אונטערשיד פון פראסט־לשון ביז ביכעל־לשון, דאס — לא...

איך גראדע בין מיר, אזוי ווי איהר זעהט מיך איין אנדער סארט מענש איין אנגעלעזענער, א שטיק ליטעראטור. איך קאן רעדען געקינצעלט, פערשטעלט, פערוויקעלט אין א הויכער מליצה מיט פליטערלעך, אזוי ווי די מאדע איז: זאגען דאס און מיינען עפּיס אנדערש...

און איבער דעם טאקי נאך ביים שדכ'נען זיך צו מיין פרוי, און חתן־ווייז פלעג איך אפט מאל אריין מיט איהר אין אזא סארט שמועס:

— מיט שמעקענדיגע בלומען וועל איך דיין וועג אויסשפרייטען.

— דאס טעלערעל פונ'ם הימעל אז דו וועסט הייסען וועל איך דיר דערלאנגען.

— מיין גאנץ לעבען וועל איך געבען דיינע פיס פערברייננגען.

— דעם הימעל צו דער ערד וועל איך צוליעב דיר צו בויגען.

— א גרויסארטיגע מוזיק מיט גאלדענע גלעקער, וועט בעגלייטען דעם וועג פון אונזער לעבען, און אונזערע שטימעס וועלען זיך צו־זאמען גיסען אין איין אויסגעצייכענטע הארמאניע...

יעדע פרוי האט אין דער אייגענער צייט געהאט א סך מענער און יעדער מאנספערשוין — פרויען.

ווען מיר בעטראכטען אבער גוט דאס לעבען פון פיעל חיות און אויך פון די שבטים, וועלכע שטעהען נאך אויף דער ניעדריגסטער מדרגה פון קולטור, זעהען מיר, אז זיי זענען זעהר ווייט פון אזא מין „פרייען" לעבען.

דארווין דערצעהלט, אז די פארם פון פאמיליען־לעבען ביי די אוראנגעטאנגען (אזוינע אבעזיאנעס, וועלכע זענען עהנליך צו מענשען) איז דער איינפאכער זווג. נאר זייער זווג־לעבען דויערט א געוויסע צייט אין יאהר, נאך דעם שיידען זיי זיך און ווערען פריי.

ביי פיעלע מינים אמעריקאנישע אבעזיאנעס געפינען מיר דאס פשוט'ע זווג לעבען: א געוויסער ער לעבט צוזאמען מיט א געוויסע זי א גאנץ יאהר. מיר דארפען דא בעמערקען, אז זייער זווג־לעבען רייסט זיי ניט אב פון דער גאנצער סטאדע, דעם קאמפף פאר דעם קיום פיהרען ניט איינציגע פאמיליען בעזונדער, נאר די גאנצע סטאדע צוזאמען.

פון פערשיעדענע פארשונגען איבער די זווג־טהירע (אזוינע חיות, וועלכע ערנעהרען זיך קליינערהייט מיט'ן זויגען) ווייסען מיר, אז ביי זיי איז זעהר ענטוויקעלט די אייפערזוכט, די קנאה פון ליעבע, ביי פיעלע איז צוגעוואכסען אפילו א בעזונדערע כלי־זיין צו קעמפפען מיט די געגנער.

די ווילדען זענען די ווילדעסטע מענשען פון אלע, זיי וואהנען נאך עד היום אין היילען און אין פערשיעדענע אויסגעפלאכטענע שטייגלעך, אזוי ווי די מאלפעס, זיי האבען נאך ניט קיין בעגריף ניט אפילו פון לעהמענע כלים. נאר איין מעלה איז דא ביי זיי — זיי האבען פיינט תכלית־שנאה פאליגאמיע, פיעל ווייבעריי. ביי זיי געהט ארום א שפריכווארט, אז „פערנאנדער שיידען די ווייב מיט'ן מאן קאן נאר דער טויט אליין".

די מינקאפען זענען ענטוויקעלטער פון די ווילדען און זייער פארם פון צוזאמען־לעבען איז אויך דאס זווג. זייערע פרויען אכטען זיי און געבען זיי אב זעהר פיעל כבוד.

אט דיעזע פאקטען און נאך זעהר פיעל ידיעות, וואס מיר האבען פון דעם לעבען ביי די ווילדע, פיהרען אונז צו דער הנחה, אז די פארם פון צוזאמען לעבען ביי די פארהיסטארישע שבטים איז געווען דאס זווג־לעבען.

אין ערשטען פארהיסטארישען צושטאנד, ווען דער קאמפף פאר דעם קיום האט נאך ניט פארדארבען די מענשהייט, ווען די עקאנאמישע לעבענס־תנאים האבען, גאר פערקעהרט, געפאדערט פאלקאמענע גלייכהייט און אמת'ע פריינדשאפט; אין יענע צייטען ווען איין מענש האט נאך ניט געקאנט זיך אויסצייכנען אויס די איבעריגע, און איינער איז ניט געשטאנען העכער פון צווייטען, דער שטארקער האט ניט געהערשט איבער'ן שוואכען, — אין יענע צייטען, ווען די פרוי אלס שוואכער מין איז ניט געווען א סקלאווין, א שפיעלכעל ביים מאנס־פערשוין אין די הענד, און פארקעהרט, זי איז געווען א גלייכער חבר צום מאן און א טרייער מיטגליעד אין זייער חברה און האט גענומען איין אנטהייל אין דער חברה'שער ארבייט צוגלייך מיט אלעמען; אין יענע צייטען — זאגען מיר — האט ניט געקענט א קיום האבען די פיעל ווייבעריי אדער איין אנדער פארם פון פאמיליען־לעבען, וועלכע איז געגרינדעט אויף שקלאפעריי, אונגלייכהייט, נאר דאס גלייכע און אמת'ע זווג־לעבען.

און אז דער מענש האט שוין געענדיגט זיין שרעקליכע מלחמה מיט דער אכזרי'דיגער נאטור פאר דאס עסען, — דענסטמאל האט ער פון זיך אראבגעווארפען זיינע וואכעדיגע קליידער — זיין בייזען בליק, זיין האס און חשק צום קאמפף, און זיין נשמה, זיין גייסט האט אנגעפאנגען צו פאדערן איהרע בעדערפנישע, זי האט געזוכט רוהע,

---

און נאך כדומה אזעלכע זיסע מליצה־ווערטער.

די ערשטע צייט נאך דער חתונה איז אריבער אין צו פריידענהייט.

ויהי היום, קומענדיג איין מאל פונ'ם נאס א היים, מאכט זי צו מיר:

-- וואו זענען די בלומען?

— וואס פאר א בלומען?

— אט א יענע מיין איך, וואס האסט צו געזאגט אויסצושפרייטען מיט זיי דעם וועג פון מיין לעבען.

— קינד מיינס—זאג איך צו איהר—און טהו איהר בעת מעשה א קוש אין שטערען.

— די בלומען וואס האב דיר דאמאלס געזאגט, זענען נישט מעהר ווי — ביכעל־לשון.

מיין יונג־ווייבעלע האט מיר גאנץ ערענסט, נור קינדעריש בעמערקט:

—ווי איך זעה ארום זענען אייערע ביכלעך פול מיט הויכע גרויסארטיגע ענינים מיט פערשיעדענע מליצות. אין לעבען אבער זענען די אלע פוסטע פראזען נישט ווערט קיין אויסגעבלאזען איי, און טויגען צו גאר ניט.

דאס ערשטע קיהלע ווינטעלע האט זיך שוין אריין געחאפט... ווי א ווינטעל פון א ווענטעליאציע, וואס זאגט אן אויך א גרויסער קעלט...

אבענדס, טאקי דעם זעלבען טאג, קומט איהר גראד אויס זיך שטעלען קוקען אין פענסטער און זיך שטארק ארייגקוקען אויף די גלענצענדע זילבערנע שטערען, וואס האבען אזוי ווי מיט ביסער בעדעקט דעם בלויען הימעל — און זאגט צו מיר:

— נשמה'לע, איך האב צו דיר א קליינע ביטע.

— אך, מיט'ן גרעסטען פערגעניגען.

— זיי אזוי גוט און דערלאנג מיר אט יענץ שטערענדעל, אט דאס א, וואס בלישטשעט אין דער רעכטער זייט הימעל—ניין, ניט דאס, ניט דאס — יענץ מיין איך, וואס פונקט א געגען איבער אונזער דאך, וואס גלאנצט אזוי שען אזוי לויטער ווי א בערליאנד.

נא, וואס א שטייגער ענטווערט מען אויף א זעלכע נארישע ווערטער?

— באלד — זאג איך צו איהר — לויף איך און ברענג דיר א נערווען־דאקטאר...

— בעמיה זיך ניט, מיין טהייערער — ענטווערט זי — איך בין פאלקאמען געזונד. איך פאדער ביי דיר מעהר ניט נאר דאס וואס האסט מיר אליין פאר דער חתונה צו־געזאגט.

איך האב איהר ווידער אמאל בעמערקט:

— די שטערען וואס האב דיר דאמאלס צו געזאגט זענען נאר ביכעל־לשון.

— אזוי? אזוי איז שוין אלעם רעכט, איצט פערשטעה איך שוין... אך

פערגניגען, אין רוחניות־זאכען. און אזא עונג־רוחני האט ער נאר געקענט געפינען אין דער אמת'ער ליעבע צו דער פרוי.

די פרוי אבער, וועלכע האט גענומען א גלייכען חלק אין דער חברה'שער ארבייט, און וועלכע האט זיך אויסגעצייכענט מיט איהר שיינקייט, מיט איהרע צניעות און מיט נאך מתנות, וועלכע די נאטור האט איהר געשענקט, האט זיך ניט אזוי לייכט איבער געגעבען יעדעם מאן; איהר נאטירליכער שטאלץ האט געפאדערט, מען זאל ארום איהר טענדלען, און אז ווען נאך לאנגע בקשות האט זי שוין מסכים געווען צו לעבען מיט איהר „אויסערוועהלטען", האט זי געוויס אויסגענומען א תנאי, אז לעבען מוז ער דווקא מיט איהר אליין, אז ער זאל ניט צונעהמען א צרה צו איהר — דאס האט געפאדערט איהר גאנצעס גליק. געוועהנטליך איז זייער תנאי ניט געווען פערפעסטיגט מיט אזוינע מנהגים ווי יעצט, זייער צוזאמען־לעבען האט נאר געדויערט כל־זמן דיביידע זייטען זענען געווען צופרידען. צו יעדער צייט האבען זיי געקענט זייער צוזאמען־לעבען צעררייסען און ווערען אוים מחותנים. בכלל האט זיך עס געווענדעט אן זיי אליין, פון דער זייט האט מען ניט געצוואונגען, צו זיין אין איינם, די פערזענליכע פרייהייט איז דענסטמאל געשטאנען העכער פון אלעם.

די גלייכהייט אין דער אמאליגער חברה איז אבער צעשטערט געווארען, און זי איז פערביטען געווארען מיט דער ממשלה פון איין יחיד אויפ'ן צווייטען, און דאס האט געמאכט זעהר גרויסע פערענדערונגען אין דעם צוזאמען־לעבען און אין דער פאמיליע, ערשט דענסטמאל איז געווארען פיעל ווייבעריי — אויף א געוויסע היסטארישע צייט.

א. ש. זאקס.

---

# די פרויען־וועלט.

---

I.

## אלגעמיינע נייעס.

(א קאנקורס אויף קארסעטען). די רעדאקציע פון דער צייטונג «Хорошей хозяйки» האט בעקאנט געמאכט א קאנקורס אויף קארסעטען, וועלכע זאלען זיין געמאכט היגיעניש, דאס הייסט, עס זאל נישט שאדען צו דער געזונדהייט. אויף דעם קאנקורס האט מען צוגעשיקט 16 פערשידענע פארמען. דער קאמיטעט, וואס איז געזעצט געווארען צו בעקוקען די קאנקורס־קארסעטען האט דערקלערט, אז קיינער פון די אריינגעשיקטע פארמען זענען נישט היגיעניש און אז בכלל איז קיין שום קארסעט נישט גוט פאר די געזונדהייט.

(א לעקציע וועגען עמיל זאלא). אין מאסקווא איז נישט לאנג געקומען די בעקאנטע רוסישע שריפטשטעלערין אלגא שאפיר, צו האלטען א לעקציע וועגען „די פרויען אין עמיל זאלאס ראמאנען". די הכנסה פון דער לעקציע וועט געהערען די מאסקווער פרויען־קורסען.

(א בעזוך ביי גראף טאלסטאי). איין אמעריקאנישע שריפטשטעלערין פריילין אינסליי האט זיך געווענדעט צו דעם אמעריקאנישען קאנסול אין מאסקווא מיט א בקשה ער זאל פועל'ן ביי גראף ל. נ. טאלסטאי, ער זאל איהר אויפנעמען אויף איין „אודיענץ". נאר אזוי ווי דער שריפטשטעלער געפינט זיך נישט אצינד אין מאסקווא, האט די ענגלישע שריפטשטעלערין בדעה צו קומען צו איהם אין זיין הויף יאסנא פאליאנע.

(א נייער נצחון). די פרויען אין רוסלאנד האבען ווידער א נצחון געהאט: דער בעאמטער פון דער פעטערבורגער טעלעגראפען ביורא האט פארגעלעגט א פראיעקט, אז מען זאל אריבער פיהרען די די טעלעגראפיסטינען, וואס בעשעפטיגען זיך שוין א סך יאהרען אין דעם אמט און האבען זיך אויסגעצייכענט אין זייער ארבייט און ווייסען אויך איינינע פרעמדע שפראכען — אין א גרעסערע אבטהיילונג און מען זאל זיי געבען א גרעסערען טשין.

(די פרוי אלם יסוד פון מוסר). אויף דעם חודש נאוועמבער

---

יא, געוויס האסט ניט פערגעסען, אז איבער־מארגען איז מיין געבורסטאג.

— געוועהנליך, ווי קאן עס אנדערש זיין.

— מע דארף א שיינעם וואַרעמעס צו גרייטען, געוויס וועסטו דיין גאנצע פאמיליע איינלאדען.

— אודאי, אודאי וואלט מען בעדארפט צו גרייטען און איינלאדען; נאר, מיין טייערע, פערגעס ניט, אז דאס אלעס דארף קאסטען א היבשע סומע געלט, און דא האב איך מיך אזוי אויסגעבאטעלט...

זי האט חנ'עוודיג א שמייכעל געטוהן:

עט, קליינינקייטען... זארג ניט, מיין טהייערער, איך האב א „קניפעל" וואס וועט קלעקען.

— רייזעלע מיינס טייערס.

— אויסער דעם האב נאך דאס וואס די מאמע, זאל לעבען, האט מיר געשיינקט אויף א פינגערעל מיט שפילקעס.

— דו ביזט מיין גאלדען קרוינדעלע.

— איך וועל אייך־מאכען א וואַרעמעס אז...

אוי, פייגעלע מיינס, טייערס!...

צום געבורטסטאג. אלע געסט האבען זיך צוזאמען געקליבען: קרובים, משפחה און אזוי גוטע ברידער. אלע מיט א ברייטען אפעטיט און מיט שארפע צעהן־שטעכערס.

די טהיר פונ'ם עס־צימער איז נאך אלץ צו געשלאסען. געוויס וויל מיר ראזיטשקע איין אויספריב צו גרייטען...

געענדיגט מיט'ן לעצטען „ברוך הבא" נאכ'ן לעצטען גאסט, בין מיר ברייטליך צו געגאנגען און אן געקלאפט אין טהיר:

— עפען נאר, בעלהבית'טעלע!

עס הערט זיך פון אינוויינינג איין אונצופריעדענע שטימע:

וואס דארפסטו?

די טהיר האט זיך געעפענט. אין עס־צימער איז מרה־שחורה'דיג, שטיל, און פוסטע...

— די געסט זענען שוין דא.

— זעהר שען. זאלען זיי זיין געזונטערהייט.

— וואס הייסט? נא און דער וואַרעמעס?

— דער וואַרעמעס... ניין נארעלע, דער וואַרעמעס וואס האב דיר דאמאלס געזאגט איז נישט מיין ווי ביכעל־לשון.

— נא, און דאס קניפעל?

— ביכעל־לשון.

— און דאס וואס די מאמע?...

אויך ביכעל־לשון...

די געסט זענען זיך בחרפה צעגאנגען.

פון דאמאלס אן האבען מיך די אומגעבעטענע געסט פונ'ם אונטערשטען עטאזש אנגעהויבען טאג־טעגליך צו בעזוכען...

און וועמען האב איך צו פערדאנקען?

דעם — ביכעל־לשון...

רבי־נחום.

וֶועט מֶען פָּארְלֶעזֶען אִין דֶער אֲסִיפָה, וָואס וֶועט זַיין בַּיי עֶקָאנָאמִיסְטֶען, דֶעם רֶעפֶערַאט פוּן פ. ד. בָּאבָארִיקֶען „דִי פְרוֹי אוּנ אִיהר וִוירְקוּנְג אוֹיף דִי גֶעזֶעלְשַׁאפְטְלִיכֶע מָארַאל“.

(אַיין אִינְסְטִיטוּט פַאר פְרוֹיֶען צוּ לֶערְנֶען לַאנְדְווִירְטְשַׁאפְט). דִי חֶבְרָה צוּ לֶערְנֶען פְרוֹיֶען לַאנְדְוִוירְטְשַׁאפְטְלִיכֶע וִויסֶענְשַׁאפְט הָאט אַרַיינְגֶעטְרָאגֶען אַ פְּרָאיֶעקְט אִין דָאס מִינִיסְטֶערְיוּם פַאר לַאנְד־אַרְבֵּייט, אַז מֶען זָאל גְרִינְדֶען אִין רוּסְלַאנְד אַ הָאכְשׁוּלֶע פַאר פְרוֹיֶען צוּ לֶערְנֶען לַאנְד־ווִירְטְשַׁאפְט. דֶער דָאזִיגֶער אִינְסְטִיטוּט זָאל גִילְטֶען סַאי צוּ לֶערְנֶען דִי פְרוֹיֶען בַּעַל־הַבַּיִת'שְׁקַייט, סַאי צוּ צוּגְרַייטֶען לֶעהְרֶערִינֶען פַאר דִי מִיטְלֶערֶע אוּנ נִידְרִיגֶע לַאנְד־ווִירְטְשַׁאפְט־שׁוּלֶען. אִין דֶעם דָאזִיגֶען אִינְסְטִיטוּט, וֶוען עֶס זָאל בֶּעשְׁטֶעטִיגְט וֶוערֶען, וֶועלֶען קֶענֶען אַרַיינְקוּמֶען מֵיידְלֶעך, וָואס הָאבֶּען גֶעעֶנְדִיגְט אַ שׁוּלֶע, וואוּ עֶס וֶוערְד גֶעלֶערְנְט אַלְגֶעמֵיינֶע ווִיסֶענְשַׁאפְט, ווִי גִימְנַאזִיוּמְס אוּנ דֶער גְלַייכֶען. דִי צַייט פוּן לֶערְנֶען אִין אַזַא שׁוּלֶע אִיז דְרַיי יָאהר. דֶער אִינְסְטִיטוּט דַארְף גֶעבּוֹיט וֶוערֶען אִין אַ דָארְף, בִּכְדֵי דִי שִׁילֶערִינְס פוּן דֶעם אִינְסְטִיטוּט זָאלֶען קֶענֶען טְהוּן אַלֶע פְּרַאקְטִישֶׁע אַרְבֵּייט.

---

II.

## יוּדִישֶׁע נַייֶעס.

(גֶעגֶען פְלֵייש יַקְרוּת אִין בֶּערְלִין). פְרוֹי לִינַא מָארְגֶענְשְׁטֶערֶן, דִי בֶּעווּאוּסְטֶע יוּדִישֶׁע פְרוֹי, וֶועלְכֶע הָאט אַ סַך פְרוֹיֶען־חֶבְרוֹת אִין דַייטְשְׁלַאנְד גֶעגְרִינְדֶעט, הָאט נִישְׁט לַאנְג צוּזַאמֶענְגֶערוּפֶען אַ גְרוֹיסֶע, עֶפֶענְטְלִיכֶע אֲסִיפָה, אוֹיף וֶועלְכֶע עֶס זֶענֶען זִיך צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען אַ סַך בֶּערְלִינֶער בַּעַל־הַבַּיִת'טֶעס. פְרוֹי מָארְגֶענְשְׁטֶערֶן הָאט גֶעהַאלְטֶען אַ רֶעדֶע וֶועגֶען דֶעם פְלֵייש־יַקְרוּת אִין בֶּערְלִין אוּנ עֶס אִיז בֶּעשְׁלָאסֶען גֶעוָוארֶען צוּ דֶערְלַאנְגֶען אַ בַּקָשָׁה צוּ דֶעם רַייכְסְטָאג, עֶר זָאל זָארְגֶען פַאר דִי אָרִימֶע מֶענְשֶׁען אִין בֶּערְלִין, וָואס קֶענֶען מַחֲמַת דֶעם גְרוֹיסֶען פְלֵייש־יַקְרוּת נִישְׁט צוּקוּמֶען עֶסֶען גֶעזוּנְדֶע אוּנ נַאהְרְהַאפְטֶע פְלֵייש־מַאֲכָלִים.

(דִי פְרוֹיֶען־חֶבְרָה „בִּקּוּר־חוֹלִים“ אִין קֶעלְן). דִי חֶבְרָה בִּקּוּר־חוֹלִים אָדֶער קְרַאנְקֶענְפְּפְלֶעגֶערִינֶען אִין קֶעלְן הָאט נִישְׁט לַאנְג אָבְּגֶעדְרוּקְט אִיהר חֶשְׁבּוֹן פַאר דֶעם יָאהר 1891. פוּן דֶעם חֶשְׁבּוֹן זֶעהְט מֶען, אַז דִי חֶבְרָה הָאט זִיך שְׁטַארְק פֶערְמֶעהְרְט, עֶס זֶענֶען צוּגֶעקוּמֶען אַ סַך נַייֶע חֲבֵרוֹת אוּנ דֶערִיבֶּער אִיז דִי חֶבְרָה גֶעוֶוען אִין שְׁטַאנְד הַיינְטִיגֶעס יָאהר מֶעהר צוּ הֶעלְפֶען דִי קְרַאנְקֶע ווִי אִין דִי פָארִיגֶע יָאהְרֶען. בְּסַך הַכֹּל הָאבֶּען זִיך 92 פְרוֹיֶען בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט פְלֶעגֶען קְרַאנְקֶע. אַלֶע אִין אֵיינֶעם הָאבֶּען זֵיי דִי קְרַאנְקֶע גֶעפְלֶעגְט 1458 טֶעג. גֶעפְלֶעגְט הָאט מֶען 82 יוּדִישֶׁע פַאמִילְיֶען אוּנ 10 קְרִיסְטְלִיכֶע. אוֹיך הָאט מֶען 7 פְלֶעגֶערִינֶען אַוֶועק גֶעשִׁיקְט אִין אַנְדֶערֶע שְׁטֶעדְט.

---

## לִיבֶּען אוּנ לֶעבֶּען.

א.

צְווִישֶׁען דִי פֶערְשִׁידֶענֶע נַאטוּר־קְרֶעפְטֶע, וֶועלְכֶע זֶענֶען אוּנְז בֶּעקַאנְט בְּלוֹיז מִיט זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים אוּנ מִיר וַוייסֶען נִיט וָואס זֵיי אַלֵיין זֶענֶען, ווִי צוּם בַּיישְׁפִּיל מַאגְנֶעטִיזְם, עֶלֶעקְטְרִיצִיטֶעט אוּנ דֶער גְלַייכֶען, קֶען אוֹיך גֶעצֵיעהְלְט וֶוערֶען דִי נַאטוּר־קְרַאפְט, וֶועלְכֶע אִיז אוּנְז בֶּעקַאנְט מִיט דֶעם נָאמֶען לִיבֶּע. מִיר וַוייסֶען, אַז אַזוֹי ווִי דִי וֶועלְט וָואלְט נִיט גֶעקֶענְט עֶקְזִיסְטִירֶען אִין אִיהר יֶעצְטִיגֶער פָארְמֶע אָהן עֶלֶעקְטְרִיצִיטֶעט אָדֶער אָהן דִי זוּן, וֶועלְכֶע אִיז דִי קְוֶועלֶע פוּן לִיכְט אוּנ עֶלֶעקְטְרִיצִיטֶעט, אַזוֹי וָואלְט זִי אוֹיך נִיט גֶעקֶענְט עֶקְזִיסְטִירֶען אָהן לִיבֶּע. נִיט בְּחִנָּם זֶענֶען דִי צְוֵויי וֶוערְטֶער „לִיבֶּען“ אוּנ „לֶעבֶּען“ אַזוֹי עֶהְנְלִיך, וַוייל אֵיינְס מִיט דֶעם צְוֵוייטֶען אִיז אַזוֹי שְׁטַארְק פֶערְבּוּנְדֶען, אַז עֶס קֶען נִיט זַיין יֶעדֶעס פִיר זִיך אַלֵיין אָהן דֶעם צְוֵוייטֶען. מִיר קֶענֶען זִיך גָארְנִיט פָארְשְׁטֶעלֶען דָאס לֶעבֶּען אָהן לִיבֶּע אִין אִיהרֶע פֶערְשִׁידֶענֶע גֶעשְׁטַאלְטֶען, ווִי צוּם בַּיישְׁפִּיל לִיבֶּע פוּן עֶלְטֶערְן צוּ קִינְדֶער, לִיבֶּע צְווִישֶׁען מַאן אוּנ ווַייבּ, לִיבֶּע צְווִישֶׁען גֶעזֶעלְשַׁאפְטֶען, לִיבֶּע צוּ דֶעם וָואס אִיז שֵׁין אוּנ גוּט וְכַדּוֹמֶה.

מֶערְקְווִירְדִיג אִיז, אַז טְרָאצְדֶעם וָואס דִי לִיבֶּע אִיז אוּנְבֶּעדִינְגְט אַ לֶעבֶּענְס־גֶעזֶעץ, גֶעפִינֶען זִיך, אִיבֶּערְהוֹיפְּט בַּיי אוּנְז יוּדֶען, פִיעל מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶע לַאכֶען אוֹיס דֶער לִיבֶּע אוּנ לֵייקֶענֶען גָאר אִין אִיהר אוּנ אִיהרֶע פָאלְגֶען; „לִיבֶּע־שְׁמִיבֶּע“ — שְׁפַּאסֶען זֵיי, וֶוען מֶען פֶערְצֵיעהְלְט זֵיי, אַז יֶענֶער בָּחוּר אָדֶער יֶענֶעם פְרֵיילֵיין אִיז שְׁטַארְק פֶערְלִיבְּט אוּנ ווִיל גָארְנִיט הֶערֶען וֶועגֶען עֶפִּיס אַיין אַנְדֶערְן גוּטֶען שִׁידוּך, אוֹיף וֶועלְכֶען דִי עֶלְטֶערְן זֶענֶען אֵיינְשְׁטִימִיג.

אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער, וָואס לֶעבֶּען נָאר פַאר גָאטְס וֶועגֶען, וַוייסֶען נִיט מֶעהר ווִי דִי צְוֵויי פָארְמֶעס פוּן לִיבֶּע: „דוּ זָאלְסְט לִיבֶּען דַיין גָאט“, אוֹיך „דוּ זָאלְסְט לִיבֶּען דַיין חָבֵר ווִי זִיך זֶעלְבְּסְט“. אָבֶּער ווִי ווַייט זֵייעֶר גֶעפִיהל רַייכְט אִין דֶער פָארְמֶע פוּן לִיבֶּע, ווִי ווַייט זֵיי זֶענֶען מְקַיֵּים דִי צְוֵויי הוֹיכֶע פָארְשְׁרִיפְטֶען פוּן דֶעם גֶעזֶעצְגֶעבֶּער, דָאס אִיז אַיין אַנְדֶערֶע זַאך, וֶועגֶען וֶועלְכֶער אִיך פֶערְלָאז מִיך אוֹיף אוּנְזֶערֶע רַבָּנִים אוּנ פְּרֶעדִיגֶער, זֵיי זָאלֶען דֶעם עוֹלָם זָאגֶען מוּסָר. מַיין זַאך אִין דֶעם יֶעצְטִיגֶען שְׁרַייבֶּען אִיז נָאר צוּ בֶּעשְׁפְּרֶעכֶען דִי לִיבֶּע אִין דֶעם לֶעבֶּען, דִי נַאטִירְלִיכֶע לִיבֶּע. אִיך הָאבּ נָאר אוֹיפְמֶערְקְזַאם גֶעמַאכְט אוֹיף דֶעם וָואס גֶעפִינֶען זִיך בַּיי אוּנְז מֶענְשֶׁען, וָואס פֶערְלֵייקֶענֶען דִי נַאטִירְלִיכֶע קְרַאפְט אוּנ ווִילֶען פוּן אִיהר גָארְנִיט ווִיסֶען.

פוּן אֵיבִּיג אָן אִיז דִי לִיבֶּע גֶעוֶועזֶען דֶער בֶּעסְטֶע גֶעגֶענְשְׁטַאנְד פַאר פָּאעֶטֶען אוּנ דִיכְטֶער. נָאך מִיט טוֹיזֶענְדֶער יָאהְרֶען צוּרִיק הָאבֶּען דִי דִיכְטֶער גֶעשְׁרִיבֶּען פֶערְשִׁידֶענֶע לִידֶער, זָאנַאר גַאנְצֶע בִּיכֶער וֶועגֶען דֶער לִיבֶּע. בַּיי אוּנְז יוּדֶען, פַארְצַייטֶענְס, וֶוען מִיר זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִיט דֶער נַאטוּר מֶעהר מְחוּתָּנִים ווִי הַיינְט, הָאט זִיך אוֹיך גֶעפִינֶען אַ גְרוֹיסֶער פָּאעֶט — דֶער קֶענִיג שְׁלֹמֹה. וָואס הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען אַ בּוּך וֶועגֶען לִיבֶּע; אָבֶּער זִינְט מִיר זֶענֶען אָבְּגֶערִיסֶען גֶעוָוארֶען פוּן דֶער נַאטוּר, זִינְט מִיר הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פִיהרֶען אַ קִינְסְטְלִיך לֶעבֶּען, הָאבֶּען מִיר אוֹיך וֶועגֶען דֶער לִיבֶּע פֶערְגֶעסֶען. אוּנ עֶס אִיז אוּנְז גֶעבְּלִיבֶּען צוּ עֶרְקְלֶערֶען יֶענֶעם לִיבֶּע־בּוּך מִיט דֶעם אֵיינְצִיגֶען בֶּעגְרִיף פוּן דֶער לִיבֶּע צוּ גָאט, אַזוֹי אַז עֶס אִיז אַרוֹיס גֶעקוּמֶען אַ גֶעשְׁפְּרֶעך צְווִישֶׁען גָאט מִיט זַיין גֶעלִיבְּטֶען פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי ווִי אַ גֶעשְׁפְּרֶעך צְווִישֶׁען אַ יוּנְגֶען מַאן מִיט זַיין גֶעלִיבְּטֶע. אַזוֹי הוֹיך הָאט גֶעשְׁטִיגֶען בַּיי אוּנְז יוּדֶען דֶער בֶּעגְרִיף פוּן לִיבֶּע צוּ גָאט, אוּנ גְלַייכְצַייטִיג אִיז כִּמְעַט פֶערְגֶעסֶען גֶעוָוארֶען דִי גֶעווֶעהְנְלִיכֶע נַאטִירְלִיכֶע לִיבֶּע, וָואס מִיר רוּפֶען מִיט דֶעם נָאמֶען „לִיבֶּען אוּנ לֶעבֶּען“. וֶועלְכֶעס פוּן דִי בֵּיידֶע קֶען זַיין דִי אוּרְזַאכֶע פוּן דֶעם צְוֵוייטֶען אוּנ וֶועלְכֶעס דֶער עֶרְפָאלְג?— דָאס קֶען אִיך נִיט דָא עֶרְקְלֶערֶען. אִיבְּרִיגֶענְס עֶס בְּלַייבְּט אוּנְז אֵיינְעֶנַאל.

נִיט אֵיין מָאל הָאבּ אִיך גֶעהֶערְט דִי מֵיינוּנְג בַּיי פִיעל מֶענְשֶׁען, אַז לִיבֶּע אִיז נִיט מֶעהר ווִי אַיין אֵיינְרֶעדֶענִישׁ, אַיין אוֹיסְגֶעטְרַאכְטֶע זַאךְ. אָבֶּער עֶס ווִילְט זִיך מִיר נִיט גְלוֹיבֶּען, אַז אַיין אֵיינְגֶערֶעדְטֶע זַאך

זאָל דינגען פאַר מאַטעריאַל צו אַזוי פיעל ביכער און זאָל אַזוי שטאַרק אָנציהען די לעזער ווי מיר זעהען ביי אַלע פעלקער זייט טויזענדער יאָהרען ביז צום היינטיגען טאָג. ווען עס וואָלט ניט געוועזען קיין שיינע בלום אין דער נאַטור, וואָלט דער מאָלער ניט געמאָלט קיין בלומען אויף דעם בילד, און דאָס בילד וואָלט ניט געוועזען אַזוי אָנציהענד, עס וואָלט ניט אַזוי שטאַרק אינטערעסירט. „קיין זאַך איז ניט אַזוי שיין ווי די וואָהרהייט; די וואָהרהייט אַליין איז געליבט" — זאָגט אַ פראַנצעזישער געלעהרטער.

דער געגענשטאַנד פון ליבען און לעבען איז בעשפּראָכען געוואָרען פון פערשידענע פילאָזאָפען אין פערשידענע צייטען. פון די פאַרצייטישע חכמים איז בעקאַנט געבליבען די ליבע וועגען וועלכער דער גריכישער פילאָזאָף פּלאַטאָן האָט געשריבען, און זי רופט מען ביז היינט פּלאַטאָנישע ליבע, דאָס הייסט: ליבען אָהן אייגענעם נוצען. פון די לעצטע דורות זענען בעקאַנט די פילאָזאָפען אַרטור שאָפּענהויער, גראַף טאָלסטאָי און נאָך אַנדערע, וועלכע האָבען בעשפּראָכען די ליבע אין איהרע פערשידענע פאָרמען. איך וויל דאָ בעשרייבען דאָס וואָס קען די לעזערין אינטערעסירען פון די פילאָזאָפישע ערקלערונגען.

ווי גרויס און שטאַרק די קראַפט פון ליבע איז, זאָגט דער קעניג שלמה אין זיין ליבע־בוך מיט די ווערטער: „פיעל וואַסער קען ניט לעשען די ליבע, גאַנצע טייכען וועלען זי ניט פערשווענקען; ווען אַ מענש זאָל וועלען געבען זיין גאַנץ פערמעגען פאַר ליבע, וועט מען איהם אויסלאַכען". „די טעגליכע פּראַקטיק לעהרנט אונז, זאָגט שאָפּענהויער, אַז די הייסע ליבע קען ביי געוויסע בעדינגונגען ווערען אַזאַ שטאַרקע ליידענשאַפט וואָס קיינע איבערלעגונג קען ניט העלפען זי צו בעקעמפען, און זי קען דורכברעכען אַלע הינדערנישע, אַלעס וואָס שטעהט איהר אין וועג. דאַמאָלס ווען די ליבע ערייכט אַזאַ שטופע וועט דער ליבענדער זיך ניט שרעקען פאַר קיין געפאַהר, און ווי באַלד ער קען ניט ערייכען דעם צוועק צו וועלכען ער ציעלט, וועט ער זיך דעצידירען אַפילו דאָס לעבען צו פערלירען, אַפילו אויף אַ זעלבסט־מאָרד".

כמעט אין יעדען יאָהר טרעפען זיך אין איראָפּאַ אַמווייניגסטען צעהן אַזעלכע אונגליקליכע צופעלע. העלדען פון די ראָמאַנען, וועלכע נעמען זיך דאָס לעבען דורך ליבע, געפינען זיך פיעל אין דער ווירקליכקייט, נאָר דער אונטערשיד צווישען די ווירקליכע און צווישען די אויסגעטראַכטע איז דער: אַז די ליידען פון דעם ווירקליכען העלד ווערען פערשריבען דורך דעם סלעדאַוואַטעל פון סוד און דורך די רעפּאָרטערען פון צייטונגען, און ווערען שנעל פערגעסען, אָבער די ליידען פון דעם אויסגעטראַכטען העלד ווערען פערשריבען אין דעם ראָמאַן דורך דעם פּאָעט און בלייבען אויף לאַנג אין געדעכעניש פון דעם לעזער אָדער די לעזערין, זענען מעהר אינטערעסאַנט דורך דעם, וואָס דער שרייבער האָט זיי שיין בעשריבען. נאָך מעהר טרעפט זיך, אַז דער פערליבטער אָדער די פערליבטע געהט אַראָב פון זינען. ענדליך טרעפט אין יעדען יאָהר, אַז ביידע פערליבטע, וועלכע קענען ניט קומען צו זייער צוועק דורך הינדערנישע פון מענשען אָדער אַנדערע אומשטענדע, נעמען זיך ביידע דאָס לעבען. אין אמת אַריין איז ניט צו פערשטעהן, ווי אַזוי די צוויי פערליבטע, וואָס זענען זיכער אין זייערע ליבע און גליק, דעצידירען זיך ניט ליבער צו טהון געגען דעם ווילען פון יענע, וואָס שטעהען זיי אין וועג, איידער צו נעמען זיך דאָס לעבען און פערלירען דאָס גליק פון „ליבע און לעבען".

מיכל וועבער.

---

# אַ בריעף צום מאַן.

ווען זי האָט זיך פון שלאָף ערוואַכט האָבען זיך שוין די ליעבע מאָרגען־שטראַהלען לאַכענדיג אויף די שויבען פון ספרים־שענקעל אָבגעשטראַהלט, און זי האָט צו דעם צווייטען בעט, וואָס שטעהט אויף יענער זייט שראַנק אַריבער גערעדט:

— בונם, גוט מאָרגען דיר!

נאָר ער האָט געשוויגען.

זי האָט געמיינט אַז ער וויל זיך נישט אָנרופען, ווייל ער איז נאָך אַביסעל ברוגז׳דיג פון נאַכטיגען שמועס מיט איהר פאָטער וועגען דעם נדן, אָדער ער איז ווייטער אין זיינע קאָפּ־זאַכען פערטהון, האָט זי זיך אַ געלעכטעריל געמאַכט, גענומען דאָס קליינע קינד, וואָס האָט זיך געשפּיעלט זויגענדיג דעם קליינעם, ווייסען הענדיל אין מויל און זי האָט צום מאַן אַריבער גערעדט:

— בונם, דיין זוהן רופט דיך, טאַטע, טאַטינקע, קום אַהער דאַ, דאַ...

נאָר ער האָט זיך ווייטער נישט אָנגערופען. דאָס אָבער, האָט זי שוין נישט געקענט איבערטראָגען, האָט זי מיט אַ ברוגז׳דיגען טאָן אונטערגעבּרומט. וואַרט, וואַרט עס וועט דיר באַנג טהון. און זי האָט זיך צו דער וואַנד אויסגעדרעהט, די קאָלדרע איבער׳ן קאָפּ אַריבער געצויגען און זי איז זיך געלעגען.

געמיינט האָט זי, אַז אָט באַלד, באַלד וועט ער אַהער קומען זי איבערבעטען: קינד־לעבען, איך האָב דאָך בלויס נאָר אַ געלעכטעריל זיך געמאַכט, אַזוי ווי זיין שטייגער פלעגט זיין. נאָר זי וועט זיך דערפאַר שוין לאָזען בעטען, אַזוי לייכט וועט עס איהם נישט אָנקומען.

אָבער ער האָט זיך גאָר נישט אָנגערופען.

זי האָט יעדעס מאָל דעם קאָפּ פון אונטער דער קאָלדרע אַרויסגעשטעקט און אַריבערגעקוקט: גאָר נישט. מיינט זי אַז ער שלאָפט נאָך, וואונדערט זי זיך, און שליעסט ביי זיך אָב, איהם מיט אַ קוש אויפצוועקען. — „וועט ער זיך דערשרעקען, אוי, אוי, די אויגען עפענען, פערשטוינט, וואָס איז דאָס? באַלד וועט ער מוזען לאַכען" — און מיט דעם גליקליכען געדאַנק געהט זי אויף די שפּיץ־נעגעל צום בעט צו — ער הערט נישט — „גוט" — טראַכט זי ביי זיך. קומט זי צום בעט צו, וואָס איז דאָס? עס איז קיינער נישט דאָ.

— איז ער שוין אין שטיבעל געגאַנגען?

וואַרפט זי אַ בליק אויפ׳ן טיש, געפינט זי אַ בריעף.

אין דעם בריעף שטעהט אַזוי געשריבען:

„צוּ מַיין לִיעבּ וַוייבּ רָחֵל-לֶעבֶּען!

אִיךְ בֶּעט דִיךְ זַיי מִיר מוֹחֵל, וָואס אִיךְ בִּין אַוֶועק גֶעפָאהרֶען זִיךְ נִישְׁט מִיט דִיר צוּ גֶעזֶעגֶענֶען. אִיךְ הָאבּ מוֹרָא גֶעהַאט, טָאמֶער וֶועסְט דוּ מִיךְ נִישְׁט לָאזֶען פָאהרֶען. אוּנ מִיר אִיז שׁוֹין, אַזוֹי פֶערְמָאוּס'ט גֶעוָוארֶען דֶעם טַאטֶענְס קֶעסְט. אִיךְ בִּין שׁוֹין אַלֵיין אַ טַאטֶע פוּן אַ קִינְד, אוּנ מוּז זֶעהֶען מַיין אֵייגֶען שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט צוּ פֶערְדִינֶען. אִיךְ פָאהר קַיין וַוארְשָׁא עֶפִּיס זִיךְ אוֹיסְזוּכֶען אַ שְׁטֶעלֶע, אוּנ אַזוֹי וִוי אִיךְ פֶערְדִיען נָאר דֶעם עֶרְשְׁטֶען רוּבְּל, נֶעם אִיךְ דִיךְ אוּנ אוּנְזֶער לִיעבּ קִינְד דָא אַהֶער, אוּנ מִיר וֶועלֶען זִיךְ לֶעבֶּען בְּשָׁלוֹם, אַזוֹי וִוי גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען. דֶערְוַוייל בְּלַייבּ מִיר גֶעזוּנְד, אִיךְ גְרוּס דִיר אוּנ גְרוּס אוּנ קוּשׁ אוּנְזֶער לִיעבֶּען זוּהן יִצְחָק־לֶעבֶּען אוּנ אִיךְ בֶּעט דִיךְ זֶעהר, אַז דוּ זָאלְסְט נִישְׁט זָארְגֶען.

פוּן מִיר, דַיין מַאן

בּוּנְם".

דוּרְכְלֶעזֶענְדִיג דָאס בְּרִיוֶועל וַוייסְט זִי אַלֵיין נִישְׁט, אוֹיבּ זִי זָאל טְרוֹיעֶרִיג זַיין, אָדֶער גָאר זִיךְ פְרֵיעהֶען אִיבֶּער דֶעם בְּרִיוֶועל. דֶער מַאן וֶועט הָאבֶּען אַיין אֵייגֶענֶע פַּרְנָסָה, זַיי וֶועלֶען זִיךְ וואהְנֶען אִין אַ בֶּעזוּנְדֶער שְׁטִיבֶּעל, קֵיינֶער נִישְׁט נָאר זִי, אִיהר בּוּנְם אוּנ דָאס קִינְד, יֶעדֶען פְּרִיה־מָארְגֶען וֶועט עֶר אִיהר גֶעלְד גֶעבֶּען אוֹיף דֶעם מַארְק אוּנ זִי וֶועט זִיךְ זַיין אַ בַּעל־בַּיִתְ'טֶע פַאר זִיךְ זֶעלְבְּסְט, נִישְׁט דַארְפֶען קוּקֶען דִי מַאמֶען אִין דֶער הַאנְד אַרַיין, נִישְׁט דַארְפֶען זִיךְ צוּ קְרִיגֶען מִיט אִיהר שְׁוֶועסְטֶער, אַז זִי נֶעמְט אַלְץ פוּן דֶער הֵיים צוּ אוּנ טְרָאגְט זִיהְ אִין שְׁטוּבּ.

דָאס הַארְץ קְלַאפְּט אִיהר אָבֶּער.

נֶעמְט זִי זִיךְ אוֹיפְצוּבֶּעטֶען דִי בֶּעטֶען, קֶען זִי נִישְׁט, זִי הָאט עֶפֶּעס אִין הַארְצֶען מוֹרָא.

חַאפְּט זִי אַ טוּךְ אִיבֶּער'ן קָאפּ, דָאס קִינְד אוֹיף דִי הֶענְד, אוּנ לוֹיפְט אַרִיבֶּער צוּ דֶער מַאמֶע.

דֶער טַאטֶע דְרֵיעהט זִיךְ אִיבֶּער'ן שְׁטוּבּ, אִין שׁוּךְ אוּנ אִין זָאקֶען, אוּנ דַאוֶוענְט פוּן „פָּארֶענְט"; דִי מַאמֶע שְׁטֵיעהט אִין קִיךְ אוּנ דִינְגְט אַ הוּהן בַּיי רֵייזֶעל דִי מַארְק־יוּדֶענֶע.

זָאגְט זִי „גוּט מָארְגֶען" אוּנ בְּלַייבְּט שְׁוַוייגֶען.

— וָואס אִיז דִי מַעֲשֶׂה אַזוֹי פְּרִיה?

דִי שְׁוֶועסְטֶער אִיהרֶע פַארְקֶעמֶענְדִיג זִיךְ דִי הָאר אַ קָאקְס אַרִינְטֶער, עֶנְטְוֶוערְט אִיהר אִין דֶער שְׁטִיל:

— זִי הָאט דָאךְ מוֹרָא, טָאמֶער וֶועסְט דוּ עֶפֶּעס קוֹיפֶען, אוּנ בֶּעהַאלְטֶען פַאר זִיךְ אַלֵיין, קוּמְט זִי דִיר נָאךְ־קוּקֶען.

דָאס מָאל שְׁוַוייגְט זִי אִיהר גָאר.

דֶער טַאטֶע קְלַאפֶּענְדִיג מִיט דִי לִיפֶּען בֶּעמֶערְקְט עֶפֶּעס, אַז עֶס אִיז נִישְׁט גְלַאט אַזוֹי, פְרֶעגְט עֶר זִי מִיט דִי אוֹיגֶען:

— נוּ?

— בּוּנְם אִיז דָאךְ אַוֶועק גֶעפָאהרֶען.

— וואוּ? אַהֵיים? פְרֶעגֶען אַלֶע מִיט אֵיין קוֹל.

— נֵיין, נָאךְ וַוארְשָׁא גֶעפָאהרֶען, אַ שְׁטֶעל זִיךְ זוּכֶען, אוּנ זִי דֶערְלַאנְגְט דָאס בְּרִיוֶועל דֶעם פָאטֶער.

דֶער פָאטֶער לֶעזְט עֶס שְׁטִים מִיט דִי אוֹיגֶען דוּרְךְ, בַּאלְד וַוארְפְט עֶר דָאס בְּרִיוֶועל אוֹיף דֶער פָּאדְלָאגֶע, אוּנ בֶּעוֶועגֶענְדִיג עֶפֶּעס מִיט דֶער הַאנְד דְרֵיעהט עֶר זִיךְ וַוייטֶער אִיבֶּער דֶער שְׁטוּבּ אַרוֹיף אוּנ אַרָאבּ.

זִי שְׁטֵיעהט אוּנ וַוארְט.

— וָואס דֶען? אַ יוּדִישׁ וַוייבֶּעל זָאל נִישְׁט וִויסֶען וָואס אַ מַאן הָאט אִין זִינֶען — זִידֶעלְט זִי דִי מוּטֶער.

— וָואס דֶען, מִיט אַזַא פְּסוֹלֶת וֶועט וֶוער וֶועלֶען וואהְנֶען? רֵייצְט זִיךְ מִיט אִיהר דִי שְׁוֶועסְטֶער.

אוּנ זִי הַאלְט דָאס קִינְד אוֹיף דֶער שׁוֹיס אוּנ וַויינְט.

„... אִיהר בּוּנְם אִיז אַנְטְלָאפֶען, דִי שְׁוֶועסְטֶער זָאגְט, אַז עֶר וִויל נִישְׁט מִיט אִיהר וואהְנֶען, זִי וֵוייסְט אַז עֶס אִיז אַ לִיגֶען."

דָאךְ אָבֶּער אִיז אִיהר בּוּנְם נִישְׁט דָא...

אוּנ דִי בְּרִידֶערְלֶעךְ, אוּנ דִי שְׁוֶועסְטֶערְלֶעךְ שְׁטֶעקֶען דִי קֶעפּ פוּן דִי בֶּעטֶען אַרוֹיס אוּנ קוּקֶען רַחֲמָנוּתְ'דִיג אוֹיף אִיהר.

זִי וֵוייסְט נִישְׁט וָואס זִי זָאל טְהוּן, נֶעמְט זִי דִי בְּרִיסְט אוּנ שְׁטוּפְּט דֶעם קִינְד אִין מוֹיל אַרַיין.

(עֶנְדֶע קוּמְט).

שָׁלוֹם אַשׁ.

---

## פְּרַאגֶען אוּנ אַנְטְוָוארְטֶען.

פְּרַאגֶע: מִיט וָואס הֵיילְט מֶען אַ קַאטְהַאר?

אַנְטְוָוארְט: צוּעֶרְשְׁט זָאל מֶען דִי נָאז גוּט וַואשֶׁען מִיט וַוארְמֶע וַואסֶער אוּנ דֶערְנָאךְ זָאל מֶען מִיט אַיין אִינְסוּפְלִיַאטָאר (אַזַא קְלֵיין בְּלָאז־מַאשִׁינְקֶעלֶע) אַרַיינְבְּלָאזֶען אִין נָאז אַ פַּארַאשָׁאק, וָואס אִיז צוּזַאמֶענְגֶעשְׁטֶעלְט פוּן גְלַייכֶע חֲלָקִים לִימָאנְזַיירֶע אוּנ מִילְךְ־צוּקֶער. וֶוען מֶען זָאל דִי דָאזִיגֶע רְפוּאָה גֶעבְּרוֹיכֶען אַפָּאר טָאג כְּסֵדֶר, וֶועט מֶען וֶוערֶען אִין גַאנְצֶען אוֹיסְגֶעהֵיילְט.

פְּרַאגֶע: אִיז טְרִינְקֶען וַואסֶער פוּן טַייךְ שֶׁעדְלִיךְ אָדֶער נִישְׁט?

אַנְטְוָוארְט: אַ וַדַאי אִיז עֶס שֶׁעדְלִיךְ. דִי וֶועלְט גֶעבְּרוֹיכְט פֶערְשִׁידֶענֶע מִיטֶעל צוּ מַאכֶען, אַז דָאס וַואסֶער זָאל נִישְׁט שַׁאטֶען, אוּנ גֶעוֶועהְנְלִיךְ דֶערוּנְטֶער, אוֹיךְ אַ סַךְ נַארִישֶׁע. דִי הִינֶעזֶען, לְמָשָׁל, שִׁיטֶען אַרַיין אִין טַייךְ טְהֵיי וּכְדוֹמֶה. אַ גוּט מִיטֶעל אִיז, מֶען זָאל אִין וַואסֶער אַרַיינְשִׁיטֶען אַייזֶענְפַייל, דָאס הֵייסְט, דָאס אַייזֶען, וָואס פַאלְט אַרוּנְטֶער בַּיים פַיילֶען, אָדֶער סְתַּם אַייזֶען צֶעקְלַאפְּט אוֹיף גַאנְץ דִינֶע אוּנ קְלֵיינֶע שְׁטִיקְלֶעךְ, דָאס שִׁיט מֶען אַרַיין אִין אַ פְלַאשׁ אוּנ אוֹיבֶּען גִיסְט מֶען אַרוֹיף דָאס טַייךְ־וַואסֶער, מֶען שָׁאקֶעלְט עֶס שְׁטַארְק דוּרְךְ אוּנ מֶען לָאזְט עֶס אַפָּאר מִינוּטֶען אָבְּשְׁטֵיעהְן, דַאן קֶען מֶען עֶס זִיכֶער טְרִינְקֶען.

פְּרַאגֶע: מִיט וָואס נֶעמְט מֶען אַרוֹיס טִינְט־פְלֶעקֶען?

אַנְטְוָוארְט: טִינְט־פְלֶעקֶען נֶעמְט מֶען גַאנְץ לַייכְט אַרוֹיס מִיט טֶערְפֶּענְטִין־עֶהל, סַאי פוּן וָואלֶענֶע סַאי פוּן זַיידֶענֶע מַאטֶערִיע וִוי אוֹיךְ פוּן פַּאפִּיעֶר־זַאכֶען.

פְּרַאגֶע: וִוי זָאל מֶען וַוייךְ מַאכֶען אַיינְגֶעטְרוּקֶענְטֶע עֶהל־פַארְבֶּען?

אנמיוארט: מען מוז דעם חפץ, וואס מען וויל די עהל-פארב, מיט וועלכען ער איז בעשמירט, ווייך מאכען, אריינלעגען אין א כלי, וואס מען קאן גוט פערשליסען, בעגיסען עס מיט טערפענטין-עהל און עס לאזען ווייניגסטענס אכט טאג שטעהן אויף א ווארמען ארט, דערנאך גיסט מען צו אביסעל מאן-עהל אדער פערנעץ און מען שטעלט עס אין ווארעם וואסער און דערנאך שיילט זיך אראב די עהל-פארב צוזאמען מיט דעם פערנעץ.

## ליטעראטור און קונסט

„די יודישע פרוי" Еврейская женщина פון נאהידא רעמי (רות-לאצארוס) מיט איין הקדמה פון פראפעסאר מ. לאצארוס, מיט דער פאטאגראפיע פון דער פערפאסערין און א ביאגראפישען ארטיקעל. איבערזעצט פון דייטש, געדרוקט איןווארשא און ארויס-געגעבען פון דער בוכהאנדלונג צוקערמאן.

דאס בוך האלט 17 קאפיטלען. ערשטעס קאפיטעל: די אלטע צייט; צווייטעס קאפיטעל: איש און אשה; דריטעס קאפיטעל: דער טעמפעראמענט און דער תלמוד; פיערטעס קאפיטעל: די פרוי אין דער ביבעל; פינפטעס קאפיטעל: די יודישע קעניגינען; זעקסטעס קאפיטעל: אין פינסטערן מיטעלאלטער; זיעבענטעס קאפיטעל: מעהר ליכט; אכטעס קאפיטעל: פראקטישע קולטור-ארבייט; ניינטעס קאפיטעל: שרה קאפיע סוליאם; צעהנטעס קאפיטעל: די מוטער; עלפטעס קאפיטעל: לשון הקודש; צוועלפטעס קאפיטעל: די יודען און די דייטשע סאלאנען; דרייצעהנטעס קאפיטעל: די טאכטער פון דניאל איטציג; פיערצעהנטעס קאפיטעל: יודישע ארטיסטינען; פינפצעהנטעס קאפיטעל: יודישע שריפטשטעלערינען; זעכצעהנטעס קאפיטעל: יודישע וואהלטהעטערינען; זיבענצעהנטעס קאפיטעל: די היינטיגע יודישע פרויען.

די פערפאסערין פון דיעזעם בוך, וועלכע האט איהר גאנצעס לעבען פערבראכט מיט דעם שטודיום פון יודישע וויסענשאפט בכלל און בפרט וועגען דער יודישער פרוי, האט בעקומען גרויס ליעבע צום יודענטהום און פאר אפאר יאהר צוריק האט זי זיך מגייר געווען, האט זיך א נאמען געגעבען רות און חתונה געהאט מיט א בעריהמטען יודישען פראפעסאר משה לאצארוס. דאס בוך גיט דעם לעזער א ריכטיגען בעגריף פון דער יודישער פרוי פון זייט די וועלט איז בעשאפען געווארען ביז דעם היינטיגען טאג. די פראפעסארין האט איהרע ידיעות געשעפט פון די ערשטע און בעסטע קוועלען. דאס בוך איז איבערגעזעצט געווארען אויף א סך לשונות.

# 1) „יודישע פאלקס-צייטונג"

## א וואכען-בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסע

# 2) „יודישע פרויען-וועלט".

## א צייטונג פאר יודישע פרויען און פאמיליע.

אין דער קורצער צייט, וואס אונזערע צייטונגען ערשיינען האבען זיי זיך פארברייטעט צווישען פאלק מעהר ווי מיר האבען געקענט ערווארטען, דאס גיט אונז מיטעל און קראפט אויך ווייטער ניט צו שפארען קיין זאך, כדי די צייטונגען וואס מעהר צו פערבעסערען און פערשענערען, הן אין אינהאלט, הן אין אויסזעהען, און ניט העכערען דעם ביליגען פרייז.

מיר געפינען פאר איבריג דא ווידערהאלען וועגען דעם צוועק און אינהאלט פון אונזערע צייטונגען. די ביזהעריגע נומערן „יודישע פאלקס-צייטונג" און „יודישע פרויען-וועלט" קענען יעדען בעקאנט מאכען, ווי ווייט אונזערע צייטונגען דיענען געטריי אונזער פאלק און זיינע אינטערעסען.

אונזערע צייטונגען זענען די איינציגע יודישע פאלקס-בלעטער, וועלכע דרוקען זיך אין גאנצען מיט נקודות, אזוי אז אלע קלאסען יודען קענען זיי לייענען און גרינג פערשטעהן.

אלע שטענדיגע מיטארבייטער אין אונזערע צייטונ-גען זענען די בעסטע און בעוואוסטע יודישע פאלקס-שרייבער.

ביז יעצט האבען זיך אין אונזערע צייטונגען געדרוקט ארטיקלען, פון:

אמת; ש. אש; ד"ר מ. י. בערדיטשעווסקי; ר. א. ברוידעס; ש בערמאן; ש. בעלענקי; מ. בארענשטיין; י. דינעזאהן; ד"ר ח. ד. הורוויץ; ד"ר ט. הינדעס; י.ווארטסמאן; י. וויינבערג; נ. טשערניאק; יכנה"ז; יוסף יפה; ד"ר י. ליאקומאוויטש; ליפמאן לעווין; י. ליעבערמאן; ד"ר י. מלבים; מ. ספעקטאר; עזריאל; ד. פרישמאן; ד. פינסקי; מ. פרייד; מ. קאפלאן; פ. קאנטאראוויטש; א. רייזען; י. שאר; י. שטיינבערג; שלום-עליכם, און נאך אנדערע.

פרויען מיטארבייטערינען אין „יודישע פרויענוועלט": פנינה; שרה צוקערמאן; גיטעל ציפין-לעווין; אלישבע ראבינאוויטש; פועה ראקאוויסקי און נאך אנדערע.

פרייז פארביידע צייטונגען, אויך די אדרעסע געפינט זיך אין יעדען נומער אין אבאנאמענטס-פרייז.

☛ אבאנירען אויף „יודישע פאלקס-צייטונג" און „יודישע פרויענוועלט" בעזונדער אדער צוזאמען קען מען נאר יעהרליך, האלב-יעהרליך און פיערטעל-יעהרליך.



Herausgeber Verlag »Volksbildung«. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v. S. L. Deutscher, Podgórze b. Krakau